שדימע דאווידמאן

# מאַטעלע פון דאָרף „איקאָר״
# און כאַוועך לענין

א מייבעלע



ארויסגעגעבן
פון איקאָר-קאָמיטעט
דעטרויט, מיש.

3/523

## מאטעלע פון דארף „איקאר״ און באַווער לענין.

א מייסעלע. פון שלוימע ראווידמאן.

מאטעלע האט געלעבט אין דארף „איקאר״, אין סאַוועטן פארבאנד. ער איז געקומען מיט אסאך קינדער, טאטעס און מאמעס פון קליינע שטעטלעך און זיך באזעצט אין דער קאלאניע. זיינע עלטערן זיינען געווען אמאל הענדלער. נאר אז עס איז געווארן די רעוואלוציע, די ארבעטער און פויערים האבן פארבאפט די מאכט, האבן זיי איינגעפירט אזא לעבן, אז אלע זאלן ארבעטן גלייך און לעבן גלייך. אבער די הענדלער, וואס ארבעטן ניט, זיינען געבליבן אן פארנאסע. איז זיי געווען זייער שלעכט. זיי האבן ניט געהאט קיין שטיקל ברויט צום עסן. און אויך מאטעלע און זיין טאטע און מאמע האבן ניט געהאט וואס צו עסן.

איז איינמאל ארויס א באפעל פון באַוועד לענינען, וואס האט געזאגט אזוי: „אלע מענטשן, וואס האבן פריער געהאנדלט, אדער זיך אזוי ארומגעדרייט ליידיק און געגעסן דאס ברויט, וואס ארבעטער האבן געבאקן, זאלן זיך נעמען צו ארבעט. ווער עס וויל גיין ארבעטן אין פאבריק, זאל גיין אין פאבריק, און ווער עס וויל גיין אפן פעלד, זאל גיין ארבעטן אפן פעלד!״

האבן טאקע מאטעלעס טאטע און די מאמע ארייננעפאקט אלע זאכן און אוועק אין דעם דארף „איקאר״. וואוינען זיי שוין אין דער קאלאניע צוויי יאר. און זיי איז אזוי גוט, אזא גרויסער הימל איז דארט דא, אזוי פיל ערד, און עס איז ליכטיק, און אלע טאג עסן זיי ברויט, און מאטעלע שפילט זיך מיטן קעלבל. דער קאָלעקטיוו פון דארף האט אים דערלויבט יעדן טאג צו פירן דאס קעלבל אף פאשע. און ווען ער פירט דאס קעלבל, שפילט ער זיך אין לויפערלעך. עס איז אזוי גוט. מאטעלע האט נארניט קיין זארג. ער לערנט זיך גוט אין שול. ער העלפט ארבעטן אפן פעלד. ער העלפט אין קינדער קלוב. עס איז אזוי גוט, אז ער האלט אין איין לאכן.

נאר איינמאל האט ער זיך פארטראכט. אזוי פארטראכט, אז ער איז ארומגעגאנגען א גאנצן טאג און ניט געשלאפן א גאנצע נאכט. וואס איז? ער וויל זען באַוועד לענינען. ער מוז אים זען. ווען ניט באַווער לענין, וואלט ער דאך ניט געהאט אזא גוט קעלבל, וואלט דאך אים ניט געווען אזוי גוט. ער האט א פאר

מאָל געבעטן די עלטערע באַוויירים, מע זאָל אים מיטנעמען קיין מאָסקווע, אָבער מע האָט זיך אויסגעלאַכט פון אים.

האָט זיך מאָטעלע געטראַכט: ,,וואָס האָט ער מוירע און פאַר וועמען האָט ער מוירע? — ער וועט גיין צופוס". האָט ער גענומען אַ זעקעלע מיט ברויט און קיכלעך און אוגערקעס און קנאָבל און זיך אָפּגעזעגנט פון אַלעמען און זיך אַוועקגעלאָזט קיין מאָסקווע. גייט ער אַזוי אַ טאָג און אַ נאַכט. ער לייגט זיך אַ ביסעלע שלאָפן אינמיטן וועג אויפן גראָז. גייט נאָך אַ האַלבן טאָג און קומט קיין מאָסקווע.

אַזוי ווי ער איז נאָר אָנגעקומען קיין מאָסקווע, איז אים זייער פריילעך געוואָרן. ער וועט דאָך באַלד זען לענינען. דערווייל קוקט ער אויף די שיינע גאַסן, אויף די גרויסע הייזער און אויף די גרויסע טראַמווייען און אָטאָמאָבילן, וואָס פליען אַזוי שנעל. און ער גייט זיך אַזוי פון גאַס צו גאַס. און יעדן שטעלט ער אָפּ און פרעגט:

— באַוועך, וואו וואוינט באַוועך לענין?

קוקט מען אַזוי אויף אים, מע שמייכלט און מע הייסט גיין אַהין, אַהין. גייט ער.

מיטאַמאָל קומט ער אָן אויף אַ גרויסן פּלאַץ. דער רויטער פּלאַץ. און דאָרטן שטייט אַ גרויסע הויז, דער רויטער קרעמל. און דאָרטן, זאָגט מען אים, וואוינט באַוועך לענין. ווערט ער שוין גאָר לעבעדיק. אָט באַלד וועט ער שוין טאַקע זען באַוועך לענינען. אָבער בײַ דער טיר פון דער גרויסער הויז שטייען צוויי סאָלדאַטן מיט ביקסן, מיט שטערנדלעך אויף די היטלען און לאָזן אים ניט אַרײַן.

— וואָס דאַרפסטו דאָ, באַוועך? — פרעגט אים איין סאָלדאַט.

— איך דאַרף זען באַוועך לענינען! — ענטפערט מאָטעלע שטאָלץ, און וויל זיך לאָזן אַרײַנגיין.

— אָבער צו וואָס דאַרפסטו זען באַוועך לענינען? — פרעגט אים דער צווייטער סאָלדאַט.

— איך דאַרף מיט אים עפּעס רעדן — זאָגט מאָטעלע.

— וואָס דאַרפסטו מיט אים רעדן? — פרעגט נאָכאַמאָל דער ערשטער סאָלדאַט.

— זע נאָר, וואָס פרעגט איר מיך אַזוי פיל? עס וואוינט דען דאָ אַ שלעכטער קיניג, אַ צאַר? עס לעבט דאָך דאָ באַוועך לענין!

— איז שוין מאָטעלע בייז.

— פאַרשטייסטו, באַוועך מאַטעלע, — דערקלערט אים שוין דער צווייטער סאָלדאַט מיט אַ שמייכעלע — באַוועך לענין איז איינער אַף דער גאַנצער וועלט. מיר האָבן ניט נאָך אַזאַ באַוועך. היטן מיר אים זייער אָפּ. עס קענען קומען די רייכע סאָנים און אים וועלן שלעכטס טאָן. דעריבער דאַרפן מיר וויסן וואָס און ווער עס וויל מיט אים רעדן.

— אויב אַזוי — האָט שוין מאַטעלע פאַרשטאַנען — זאָגט באַוועך לענינען, אַז אַ איינגעלע, אַ פּיאָנער מאַטעלע, פון דער אידישער קאָלאָניע „איקאָר", וויל אים זען און אים עפּעס דערציילן.

אין דער באַוועך סאָלדאַט באַלד אַרויף און באַלד געקומען צוריק מיט אַ שמייכעלע: „באַוועך לענין האָט געזאָגט, אַז דו קענסט גלייך אַריינגיין". און מאַטעלע איז אַרויף. בא דער טיר איז שוין געשטאַנען באַוועך לענין און געוואַרט אַף אים מיט אַ שמייכעלע: „קום אַריין, באַוועך מאַטעלע, וואָס ווילסטו עפּעס דערציילן?" און באַוועך לענין האָט אים אויסגעשטרעקט אַ האַנט.

מאַטעלען איז מיטאַמאָל אַזוי וואַרעם געוואָרן פון לענינס האַנט און שמייכל, אַז ער האָט גאָר פאַרגעסן וואָס ער וויל דערציילן. האָט באַוועך לענין עס באַלד פאַרשטאַנען, ווייל באַוועך לענין איז דאָך געווען דער קליגסטער מענטש אַף דער וועלט. האָט ער אים געהייסן זיך זעצן, האָט אים דערלאַנגט אַן עפּל, אַ גרויסן עפּל, מיט אַ גרויס שטיק ברויט. האָט מאַטעלע דערווייל געגעסן און באַוועך לענין האָט דערווייל געשריבן. אוי, האָט שנעל געשריבן באַוועך לענין. מאַטעלע האָט נאָך אַף זיין לעבן ניט געזען אַזאַ מענטשן, וואָס זאָל שרייבן אַזוי שנעל.

— וואָס שרייבסטו אַזוי שנעל, באַוועך לענין? קיינער טרייבט דיך ניט.

— פאַרשטייסטו, מאַטעלע, בא אונז אין לאַנד זיינען דאָ אַזוי פיל מיליאָנען אַרבעטער און קינדער, און אַף דער גאַנצער וועלט זיינען עפּשער דאָ הונדערט טויזנט מיליאָן מיליאָסן אַרבעטער און קינדער. און אַלע שרייבן בריוועלעך צו מיר. דאַרף איך זיי ענטפערן. מוז איך שרייבן שנעל מיין גאַנץ לעבן.

און דערביי האָט אים באַוועך לענין געוויזן אַזוי פיל בריוו אַפן טיש און אין קאַסטנס און אין שאַפעס, מערער וויפל גראָזן

עס וואַקסן אַף די פעלדער פון זיין דאָרף.

— זאָג נאָר, מאַטעלע, ביסטו א גוטער פיאָנער?

— אוואדע, איך טו, וואָס דו האָסט געהייסן.

— וואָס טוסטו א גאַנצן טאָג? — פרעגט באַווער לענין מיט א שמייכעלע.

— איינדערפרי גיי איך אין שול. דו האָסט געזאָגט, אַז מע דאַרף זיך לערנען. איך העלף אין הויז דער מאַמען. איך העלף אין פעלד דעם טאַטן. און איך טו אַלע אַרבעטן, וואָס אונזער קאָלעקטיוו דאַרף. פאַרשטייט זיך, אַז ניט אַליין, מיט אַלע קינדער פון אונזער דאָרף.

— ווי רופט זיך דיין דאָרף?

— אידיישער דאָרף „איקאָר". וואָס זשע, דו ווייסט גאָר ניט? דו אַליין האָסט דאָך געגעבן א באַפעל, אַז מיר זאָלן אַריבערפאָרן פון שטאָט אין דאָרף און אַרבעטן אַף די פעלדער!

— ניין, מאַטעלע, איך האָב ניט געגעבן קיין באַפעל. איך האָב זיי נאָר געשריבן א בריוועלע און געזאָגט, אַז עס איז בעסער פאַר מענטשן צו אַרבעטן, האָט מיך דיין טאַטע געפאָלגט. בין איך צופרידן.

— אַלע קינדער און טאַטעס און מאַמעס זיינען דאָך אַזוי פריילעך. זיי דערמאָנען יעדן טאָג דיין נאָמען. און איך האָב באַשלאָסן, אַז איך מוז דיך זען און דיר דערציילן פון מיינע עלטערן, פון מיין דאָרף און מיין קעלבל.

— האָסט א קעלבל אויך? — בא בא בא — האָט זיך באַווער לענין צעלאַכט. — וועסט גיין מאָרגן מיט מיר צום פאַראַד?

— וואָס איז דאָס פאַר א פאַראַד?

— עס וואַקסט א מאָך ברויט אַף אונזערע פעלדער. וועט זיין ברויט פאַר אַלע אַרבעטער און קינדער פון אינזער לאַנד, וועלן מיר האָבן דערפאַר א יאָנטעוו און מאַרשירן איבער די גאַסן מיט רויטע פאָנען.

— אַף א פאַראַד וועל איך זיך שעמען צו גיין.

— פאַרוואָס? — האָט באַווער לענין געפרעגט דערשראָקן.

— איך האָב צעריסן מיינע הויזן אַפן וועג. און מיט צעריסענע הויזן איז ניט שיין צו גיין מיט דיר אַף א פאַראַד.

— א נו, הויזן!

און באַווער לענין האָט גערייט מאַטעלען פון אַלע זייטן און

באטראכט זיינע הויזן.

— און קיין אנדערע הויזן האָסטו ניט?

— ניין, באַוועך לעניו, מער האָב איך ניט.

— טו אוים גלייך די הויזן! — האָט באַוועך לעניו באַפוילן.

האָט מאָטעלע אַזוי געטאָן. האָט באַוועך לעניו אַריינגערופן באַוועדטע לעניו, און איר דערציילט די גאַנצע מייסע, ווער מאָטעלע איז און פון וואַנען ער קומט. האָט זי זיך זייער דערפרייט און אויסגעבאָפט די הויזן און איז אַנטלאָפן. באַוועך לעניו האָט דערווייל דערציילט מאָטעלען מייסעלעך ביז מאָטעלע איז איינגעשלאָפן.

אינדערפרי באַפט זיך מאָטעלע אויף. זעט ער ווי באַוועך לעניו האַלט זיינע הויזן און שמייכלט. קוקט אַזוי מאָטעלע אויף זיינע הויזן און קען זיי ניט דערקענען. זיי זיינען אַזוי שיין געוואָרן. גלייך ווי נייע.

דערנאָך זיינען זי געגאַנגען אויפן גרויסן פּאַראַד. אַזוי פיל קינדער און עלטערן זיינען געגאַנגען, אַז מען קען זיי גאָרניט איבערציילן. און אַזוי פיל רויטע פאָנען! און לידער האָט מען געזונגען. אוי, איז געווען פריילעך!

נאָכן פּאַראַד האָט באַוועך לעניו אָוועקגעזעצט מאָטעלען אויף אַ גרויסן וואָגן און האָט געזאָגט דעם פורמאַן: „פיר אים גלייך אַהיים אין זיין דאָרף „איקאָר“. ער איז אַ גוטער פּיאָנער“.

אַז מאָטעלע איז אַהיימגעקומען, האָבן זיך אַלע קינדער און עלטערן דערפרייט. מע האָט צענויפגערופן אַ גרויסן מיטינג. מאָטעלע האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויפן טיש און ער האָט דערציילט, וואָס ער האָט גערעדט מיט לעניגען. ווי אַזוי לעניו האָט אים געגעבן אַ גרויסן עפּל און אַ שטיק ברויט, און געזען, אַז באַוועדטע לעניו זאָל אים פאַריכטן זיינע הויזן. „און ווייסט איר פאַרוואָס? — האָט מאָטעלע פאַרענדיקט — ווייל באַוועך לעניו האָט אינגאַנצן זייער ליב געהאַט קינדער“.

האָבן אַלע קינדער פון דער אידישער קאָלאָניע „איקאָר“ אויפגעהויבן זייערע הענטעלעך און געשוואוירן צו דער רויטער פאָן: „מיר וועלן גיין אין לעניגס וועגן. מיר זיינען גרייט דורכצופירן לעניגס געבאָטן!“

# ביכער פון שלוימע דאווידמאן

## פאר גרויסע:

1. ערשטע טריט.
2. ווען הערצער ברענען.
3. גערניפטע ריטער.

## פאר קינדער:

1. דער פאבריק קומען בטרייקט.
2. דאס ערשטע נענערד.
3. באווער לענין דאס געזאגט.
4. בירא-בידזשאן.
5. מאמערע פון דארף „איראר" אין באייער יענין.
6. די פירבאמע אין ניי-יארק
7. קינדער פון ניי-יארק.